

נ. ק. לעבעדיעוו

# די ארכאנגעלסקער ראָבינזאָנען

פארלאג „עמעס“, מאָסקווע 1935

ביבליאָטעק פון געאָגראַפיע פאַר דער אָנפאַנג־שול

נ. ק. לעבעדיעוו

# די אַרכאַנגעלסקער ראָבינזאָנען





פאַרלאַג „עמעס“, מאָסקווע 1935

Редактор перевода—М. Герр
Техредактор—М. Погостер
Корректор—А. Биттер

Сдано в производство 22/II—35 г.
Подписано к печати 28/III—35 г.
Ф. б. 82X110 1/32. 2 п. л.

Уп. Главлита Б—4211
Изд. „Дер Эмес" № 35. Тираж 5000 экз.

Тип. изд-ва „Дер Эмес", Москва, Покровка 9.
Зак. № 269.

## ווער איז געוועג ראָבינזאָנ

א מענטש, וואָס ווערט פארוואָרפנ אינ א ניט־באַוווינט אָרט אונ לעבט דאָרט גאָר אליינ, רופט מענ ראָבינזאָנ. דער נאָמענ שטאמט פונ א מייַסע מיט אנ ענגלישנ מאטראָס ראָבינזאָנ קרוזאָ, וואָס אנ ענגלישער שרייַבער האָט מיט צוויי הונדערט יאָר צוריק אויסגעטראכט אונ באשריבנ.

ראָבינזאָנ קרוזאָ איז נאָכ א שיפ-ברוכ פארוואָרפנ געוואָרנ אפ א ניט־באוווּקסנ אינדזל. נאָר אדאנק זיינ דרייסטקייט אונ דערפינ־דערישקייט איז ער ניט אומגעקומענ. ער האָט פארבראכט אפנ אינדזל א סאכ יאָרנ אונ האָט זיכ אויסגעלערנט אויסארבעטנ פארשיידענע זאכנ, וואָס זייַנענ נייטיק צום לעבנ.

אינ אונדזער ביכל ווערט דערציילט ניט קיינ אויסגעטראכטע מייַסע וועגנ ראָבינזאָנענ, נאָר אנ עמעסע פאסירונג מיט פיר יעגער פונ ארכאנגעלסק, וואָס באם ברעג פונעם וויַיסנ יאם. זיי זייַנענ פארוואָרפנ געוואָרנ אפ א וויסטנ אייַז־אינדזל אונ האָבנ דאָרטנ פארבראכט גאנצע זעקס יאָר איינע אליינ.

## דער אייַז־יאם

אינ יאָר 1743, אינ כוידעש יונ איז פונ דער שטאָט מעזענ, ארכאנגעלסקער גובערניע,[1] אָפגעשווומענ אינ וויַיסנ יאם אריַינ א זעגל-שיפ.

אפ דער שיפ זייַנענ געווענ 14 יעגער. די שיפ האָט געפירט דער עלטסטער לאָצמאנ אלעקסיי כימקאָוו, א מענטש בא די פופצי־

1 אמאָל האָט רוסלאנד זיכ געטיילט אפ גובערניעס אינ ניט אפ ראיאָנענ, ווי איצטער.

קער, אלע איבעריקע זײַנען געווען ייִנגער, אָבער צום יאם זײַנען
זיי שוין אלע געוווינט געוואָרן.

אפן צאָפן שפּײַזט דעם מענטשן ניט די ערד, נאָר דער יאם.
די מענטשן, וואָס וווינען באַם ברעג פון ווײַסן יאם — די פּאָמאָרן
(פונעם וואָרט „מאָריע" — יאם) פאַרנעמען זיך קימאַט אַלע מיט יאַגד
אפ יאם-כײַעס און מיט פישפאַנג.

נאָך מיט פינף הונדערט יאָר צוריק האָבן די ערשטע רוסישע
איבערוואַנדערער אפן ברעג פון ווײַסן יאם פאַרפירט די יאַגד-
געווערבן. פון דעמלט אָן שפּײַזן זיך זייערע-אייניקלעך און אור-
אייניקלעך פון יאַגד אפ יאם-כײַעס. אפן צאָפן איז די גערעטעניש
אפ ברויט א שלעכטע. דער זומער איז קורץ און קאַלט. עס איז
שווער דורכצוקומען אין צאָפן-קאַנט אָן יאַגד אפ יאם-כײַעס. האָבן
כימקאָוו מיט זײַנע כאַווירים זיך געלאָזן אין יאם אַרײַן. אין עס-
לעכע טעג אַרום איז זייער זעגל-שיף אַרויס פון ווײַסן יאם אפ די
ברייטע שטרעקעס פונעם פּאָליאַר-יאם, אָדער אײַז-יאם.

דער יאם רופט זיך אײַז-יאם דערפאַר, וואָס א גאַנץ יאָר, סײַ
זומער סײַ ווינטער, שווימען דאָרטן גרויסע קריִעס און אײַזבערג.

דער קאַלטער פּאָליאַר-יאם האָט זיך צעשפּרייט אפ א מעהאַלעך
פון העכער פיר טויזנט קילאָמעטער אין דער לענג און קימאַט אַזוי-
פיל אין דער ברייט. א סאַך אינדזלען פאַרמאָגט דער דאָזיקער
יאם. די אינדזלען זײַנען באַדעקט מיט אייביקן שניי און אײַז. גאַנצע
נײַן כאַדאָשים אין יאָר שטייט דאָ א שרעקלעכער ווינטער מיט
ביטערע פרעסט. פון אָקטיאַבער ביז פעווראַל באַווײַזט זיך דאָ די זון
קימאַט גאָר ניט. אָט די גאַנצע צײַט איז אין צאָפן קעסיידער נאַכט.
אין דער נאַכטיקער פינצטערקײַט בושעווען שטאַרקע שניי-שטורעמס.
די פרעסט דערגייען ביז 50 גראַד.

אָבער אפילע זומער איז אפן ווײַסן צאָפן ניט קיין סאַך בעסער.
אין די כאַדאָשים יוני און יולי שײַנט די זון אפילע א גאַנצן מעס-
לעס, אָבער זי שטייט אין הימל גאַנץ נידעריק. אירע שטראַלן
פאַלן אינדערקרום: זיי וואַרעמען שלעכט אָן די ערד און קענען
ניט צעשמעלצן די קאָלאָסאַלע פלאַסטן אײַז און שניי.

זומער איז די טעמפּעראַטור אפ די אינדזלען פון פּאָליאַר-יאם
ניט מער פון 5—6 גראַד וואַרעמקײַט. דעריבער וואַקסט דאָ קימאַט



שפיצבערגען
פראנץ-יאזעפס לאנד
צאפנדיקער פאליארי
ים
נאוואיא זעמליא
ווייסער ים
ארכאנגעלסק
מעזען
מאסשטאב
200 0 200 400 קמ

גאַרניסט ניט. נאָר ווו די זון וואַרעמט שטאַרק, צעגייט דער שניי און די ערד דעקט זיך אָפּ, גייט אָפּ, אָבער ניט מער ווי אַפּ אַ האַלבן מעטער די טיף. אַפּ אַזעלכע ערטער וואַקסט אויס גרויליכער מאָך און האַרט קורץ מאָגער גראָז.

אָט דער גאַנצער ברייטער געביט, ווו עס געפינט זיך דער קאַלטער צאָפנדיקער ים, די גאַנצע ערד מיט די אינדזלען, וואָס



זייער שיף איז אַרויס פון ווײַסן ים אין אײַז־ים.

ליגן אַפּ דעם דאָזיקן ים, — ווערט אָנגערופן צאָפנדיקע פּאָליאַר־געגנט. מע רופט אים אַזוי, ווײַל אַפּ דעם דאָזיקן טייל ערד געפינט זיך דער צאָפן-פּאָליוס פונעם ערד־קײַלעך.

די גרעסטע אינדזלען אַפּן צאָפנדיקן פּאָליאַר־ים, — אין דעם טייל ים, וואָס איז נעענטער צו אונדז, זײַנען — דער טאָפּלטער אינדזל „נאָוואַיאַ זעמליאַ" און די שפּיצבערגען-אינדזלען אָדער, ווי מע האָט זיי גערופן אַמאָל, גרומאַנט. „נאָוואַיאַ זעמליאַ" ליגט ווײַט הינטער אַרכאַנגעלסק. פון אַרכאַנגעלסק ביז „נאָוואַיאַ זעמליאַ" איז מיטן ים העכער טויזנט קילאָמעטער, און די שפּיצבערגען־אינדזלען

ליגנ צו מײַרעוו־זײַט פונ „נאָוואיא זעמליא“, אנטקעגנ אונדזער
מורמאנסקער יאם־ברעג.

„נאָוואיא זעמליא“ פארנעמט אינ דער לענג קימאט טויזנט קילאָמעטער, אונ אינ דער ברייט: אינ אייניקע ערטער דרײַסיק קילאָמעטער אונ אינ אייניקע — בא הונדערט. דער אינדזל איז באַדעקט מיט הויכע שטייניקע בערג.

ווענ מע זאָל שווימענ לענגאויס דעם ברעג פונ „נאָוואיא זעמליא“ קאָנ מענ באמערקנ, ווי די בערג ווערנ אלצ העכער אונ העכער. אלע בערג זײַנענ באדעקט מיט שניי אונ אײַז. א געדיכטער טומאנ פארהילט אָפט די שפיצנ פונ די בערג אונ דערפונ זעענ זיי אויס נאָכ העכער.

אפנ אינדזל „נאָוואיא זעמליא“ איז ווינטער אפילע ניט קעלטער, איידער אינ פיל ערטער פונ סיביר, אָבער קײנ ביימער וואקסנ דאָ ניט, ווײַל דער זומער געדויערט דאָ ניט מער ווי א וואָכנ צענ, אונ מער פונ 5—7 גראד ווארעמקײַט טרעפט דאָ קײנמאָל ניט.

נאָר אינ ווינציקע ערטער, וווּ די זונ ווארעמט באזונדערס שטארק, וואקסט מאָכ אונ מאָגער גראָז אונ וווּ־ניט־וווּ באווײַזנ זיכ נעבעכדיקע קוסטעס פונ דער נידעריקער ווערבע אונ די צאָפּנ־בעריאָזקעס. אָבער די ווערבעס אונ די בעריאָזקעס זײַנענ אינ „נאָוואיא זעמליא“ גאָר ניט ענלעכ אפ אונדזערע. דאָס איז אפילע ניט קײנ וועלדל, נאָר פיצינקע נידעריקע קוסטיקעס פונ עטלעכע סאנטימעטער די הייכ. די פאָליארישע ווערבע איז עטוואָס ענלעכ אפ די מאָגערע קוסטעס פונ ברוסניצע. אָבער אָט די פיצינקע ווערבע גיט פרילינג־צײַט שפּראָצנ אונ בליט.

אינ די סאמע ווארעמע ערטער, וואָס זײַנענ באשיצט פונ ווינט, וואקסנ דאָ אויכ די צאָפּנדיקע ווײַסע מאלינעס אונ עס פארשפרייט אירע צווײַגעלעכ־צײַמעלעכ די שווארצע ראָבנ־יאגדע.

אָבער דער קורצער זומער באווײַזט ניט צו צעשמעלצנ דעם גאנצנ שניי אפ דער „נאָוואיא זעמליא“. אינ אווגוסט הייבנ זיכ שוינ אָנ פרעסט, אונ פונ סעפטיאבער שטעלט זיכ שוינ דער ווינטער.

נאָכ אָרעמער אינ געוויקסנ אונ נאקעטער זײַנענ די אנדערע אינדזלענ אפנ פּאָליאר־יאם — די שפיצבערגענ־אינדזלענ. שפיצבערגענ

איז אינגאנצן באדעקט מיט שפּיציקע בערג, און טאקע דערפון שטאמט זיין נאָמען.

די אינדזלען שפּיצבערגען אָדער גרומאנט, ליגן א טויזנט קילאָ־מעטער צו מיזרעח-זייט פון „נאָוואיא-זעמליא". שפּיצבערגען און די טייניקע אינדזלען רופן די יאמ־רייזנדע אָפט אָן — דאָס „שרעקלע־כע" לאנד.

דער ווינטער הויערט דאָ ניין כאדאָשים, און דריי כאדאָשים אין יאָר באווייזט זיך דאָ די זון אינגאנצן ניט. אין פינצטערניש און קעלט בושעווען דאָ אָפט שטאַרקע שניי-ווינטן און שטורעמס.

אפילע די נעבעכדיקע און מאָגערע געוויקסן, וואָס מע קאָן געפינען אין „נאָוואיא־זעמליא", זיינען דאָ פאראן גאָר ווייניק. נאָר טונקעלער מאָך באדעקט אין אייניקע ערטער די שטייניקע פעלדזן, וואָס ווערן זומער פריי פון שניי. די ברעגן פון שפּיצבערגען זיינען אפילע זומער וויסט און ווילד.

## וואָס פארמאָגן די פּאָליארע לענדער

די פּאָליארע ערד איז די סאמע אומפרוכטבארע אפן ערד־קיילעך. דאקעגן זיינען אינעם פּאָליאר-יאם פאראן ניט בלויז קאָלער־ליי סאָרטן פיש, נאָר אויך ווערטפולע יאם-כייעס: וואלפישן, יאמ־פערד, יאם-הינט און אנדערע. אָפטער פון אלע טרעפן זיך אין פּאָליאר־יאם יאמ־פערד. א יאם-פערד איז א גרויסע כייע פון 3—4 מעטער די לענג, אמאָל נאָך לענגער. עס פארמאָגט לאנגע און גראָבע באקציינער. פון די ביינער פון אזעלכע כייעס־ציינער ווערן אויסגע־ארבעט פארשיידענע ארטיקלען. דאָס יאמ-פערד האָט נאָך א גרויסן ווערט דערפאר, וואָס עס פארמאָגט גוט שמאלץ און א גראָבע פעל.

אויסער יאם-פערד זיינען נאָך אין פּאָליאר־יאם פאראן פיל יאמ־הינט. דער יאמ־הונט איז עפּעס ענלעך אפן יאם-פערד. ער איז נאָר נידעריקער און האָט ניט קיין רייס-ציינער. יאם-הינט קאָן מען געפינען אין יאם גאנצע סטאדעס.

מיט זייערע קורצע פיסלעך, וואָס ווערן אָנגערופן פלוס־פיס, שווימט דער יאם-הונט אויסגעצייכנט. פאר קיין קעלט וואסער האָט דער יאם הונט קיין מוירע ניט; ווי דאָס יאם-פערד, אזוי האָט ער אויך אונטער דער פעל א דיקן שיכט שמאלץ, וואָס לאָזט ניט צו קיין

קעלט. די יאם־הינט און יאם־פערד ליגן ניט שיענדיק אין וואסער. זיי קריכן אַפּט ארויס אַפ די קריַעס, און זומער האָבן זיי ליב צו וואַרעמען זיך אַפ דער זון. א יאם־הונט איז א פּוליאַק. ער איז זייער פויל און ליגט אויסגעצויגן אַפן אײַז, זעלטן ווען ער גיט זיך א קער צו דער זון — מיטן בויך, מיטן רוקן אָדער מיט די זײַטן.

ווי דאָס יאם־פערד אזוי גיט אויך דער יאם־הונט דעם מענטשן פיל נוצלעכע פּראָדוקטן. פון זײַן שמאלץ ווערט אויסגעארבעט זייף, שמירעכץ און אפן צאָפן ברענט מען שמאלץ פון יאם־הינט אַנשטאָט קעראָסין. דאָס פלייש פון יאם־הונט עסט מען און פון זײַן פעל ווערן אויסגעארבעט קליידער, שוכווארג און פארשיידענע זאכן, ווי, צומבײַשפּיל, טעקעס פאר שילער.

אינעם פּאָליאַר־יאם זײַנען אויך פאראן וואלפישן. א וואלפיש איז א קאָלאָסאַלע יאם־חיַה. לויט זײַן אויסזען איז א וואלפיש ענלעך



א וואלפיש

אַפ א גרויסן פיש. עס טרעפן וואלפישן פון 25 מעטער די לענג. א וואלפיש האָט א גוואלדיק גרויס מויל, וואָס קאָן גרינג אַרײַננעמען אין זיך א גרויס רודער־שיפל. אָבער קיין ציינער האָט דער וואלפיש ניט. אַנשטאָט ציינער וואקסן בא אים אַפ דער אויבערשטער קינבאק

א גאנצע רײ לאנגע עלאסטישע האָרנ-פּלעטלעך. באם אונטערשטנ ברעג צעטײלנ זיך די פּלעטלעך אפ באזונדערע פעדעמ אונ בילדנ עפעס ווי פרענדזלעך, וואָס שטארצנ ארויס פונ מויל אונ זײַנענ עטוואָס ענלעך אפ וואָנצעס. דעריבער רופט מענ זײ טאקע אינ אײניקע שפּראכנ וואלפיש-וואָנצעס (אינ ייִדיש פישבײנ). דער וואלפיש דערנערט זיך מיט פארשײדענע קלײנע יאמ-באשעפענישנ, מושעלנ אונ קלײנע פישלעך. ווענ דעמ וואלפיש פארווילט זיך עסנ, עפנט ער עכוואָס זײַנ קאלאָסאל מויל אונ שוימט פאָרויס. צוזאמענ מיטנ וואסער פאלנ ארײַנ צו אימ אינ מויל פישלעך אונ הונדערטער פארשײדענע אנדערע קלײנע יאמ-באשעפענישנ, דאָס וואסער רינט ארויס צוריק פונ די זײַטנ מויל אונ די פישלעך בלײַבנ שטעקנ איבער די פלאטנ.

אויגנ האָט דער וואלפיש קלײנינקע. קײנ פיס האָט ער גאָר ניט. אָנשטאָט פיס האָט ער פונ פאָרנט צוויי פלוסנ. פונ הינטנ האָט דער וואלפיש אנ עק פונ א פיש. אפנ סאמע שפּיצ קאָפּ האָט דער וואלפיש נאָזלעכער, דורך וועלכע ער אָטעמט. איבער דעמ האלט ער דעמ אויבערשטנ טײל קאָפּ איבערנ וואסער.

עטעמענדיק ווארפט ער ארויס אינדערלופטנ א גאנצנ פאָנטאנ וואסער אונ פארע.

געוויינלעך לעבנ וואלפישנ אײנציקווײַז, אָדער פאמיליענווײַז — פאָטער, מוטער אונ אײנ אָדער צוויי קינדערלעך. אָבער עס טרעפט, אז די וואלפישנ פארײניקנ זיך אינ גרויסע סטאדעס, אפ ווינטער פארלאָזנ די וואלפישנ דעמ פּאָליאר-יאמ אונ גײענ אוועק אינ ווארעמע יאמענ, אָבער זומער קערנ זײ זיך ווידער אומ אפנ צאָפנ.

דער וואלפיש האָט אויך אונטער דער פעל א דיקנ שיכט שמאלצ, וואָס באשיצט אימ פונ קעלט אונ האלט אופ זײַנ שווערנ קערפּער אינ וואסער. וואלפיש-שמאלצ אונ פישבײנ זײַנענ זײער טײַער, אונ דעריבער פאָרנ פיל יעגער אינ פּאָליאר-יאמ אפ יאגד אפ די וואלפישנ.

די יאמ-פערד, יאמ-הינט אונ וואלפישנ לעבנ טאקע אינ די פּאָליארע יאמענ, אָבער ניט זײ זײַנענ די עמעסע באלעבאטימ אינ דער פּאָליארער געגנט. אפ ווינטער פארלאָזנ די דאָזיקע יאמ-חײַעס דעמ צאָפנ אונ גײענ אוועק אינ ווארעמע ערטער. דער עמעסער באלעבאָס אינ דער פּאָליאר-געגנט איז דער ווײַסער בער, אָדער, ווי מע רופט

אים אינ צאפנ, דער אַשקוי (דער אײַז-בער). דער ווײַסער בער איז ענלעכ אפ אונדזער קרומפיסיקנ בער. ער איז נאָר לענגער פונ אונדזער בער אונ די האָר זײַנע זײַנענ ווײַסע. זומערנס, בא אלטע בערנ ווערנ די האָר געלבלעכ.

אפ ווינטער קריכט דער ווײַסער בער ניט ארײַנ אינ היל, ווי אונדזער וואלד-בער. ער גייט אום אלײנ אָדער זאלבעצווייט איבער די אײַז-פעלדער אונ שפירט נאָכ נאָכ אומפאָרזיכטיקע יאם-הינט. ווײַ-סע בערנ דערנערנ זיכ אויכ מיט פיש, וואָס זיי פאנגענ זייער גע-שיקט אינ וואסער. זומער האָבנ די ווײַסע בערנ ליב צו נאשנ פויגל-אייעלעכ אונ ערשטגעבוירענע פייגעלעכ.

דער ווײַסער בער האָט ניט קיינ מורא פאר קיינ קעלט, די בער-רענע האָט אפילו ווינטער בערעלעכ.

אינ דעקאבער האָט די בערענע צוויי-דרײַ קינדערלעכ, זיי זײַ-נענ זייער קלייניקע, ניט גרעסער פונ א קראָליק. אָבער זיי וואקסנ גיכ אונ פרילינג זײַנענ זיי שוינ ווי א הינט די גרייס. פרילינג צע-שפאלט די בערענע איר אײַז-הייל אונ פירט ארויס די בערעלעכ אפ דער פרײַ. זי לערנט זיי שווימענ אונ פאנגענ פיש. זומער גייענ די בערעלעכ אום צוזאמענ מיט דער מוטער אונ נאָר אינ הארבסט פאר-לאָזנ זיי זי אונ הייבנ אָנ לעבנ זעלבשטענדיק.

דער ווײַסער בער איז זייער גרויס. אָבער ער איז אנ אויסגע-צייכנטער שווימער. ער טוקט זיכ אינ קאלטנ וואסער צווישנ קרייעס, קריכט איבער די אײַזבערג אונ שפירט ארויס, ווו עס ליגנ די יאם-כײַעס — יאם-פערד אונ יאם-הינט. אז ער דערזעט אפנ אײַז א יאם-פערד, גאנוועט ער זיכ צו צו אים פונ דער זײַט, וווהינ דער ווינט בלאָזט. אז דער בער קומט צו צום יאם-פערד נאָענט, מאר-קירט ער אָפ ארײַנצוהעצנ זײַנע נעגל דעם יאם-פערד גלײַכ אינ נאקנ ארײַנ. דאָס יאם-פערד רײַסט זיכ ארויס, ברומט פונ ווייטעק אונ פוי-זעט צום וואסער. דער בער לאָזט ווידער ארײַנ זײַנע נעגל דעם יאם-פערד אינ נאקנ. אינ צווישנ דעם בער אונ דעם יאם-פערד הייבט זיכ אָנ א קאמפ אפ לעבנ אונ טויט. עס טרעפט, אז דעם יאם-פערד גיט זיכ אײַנ צו דערקריכנ ביזנ ברעג אײַז אינ זיכ ארײַנ-ווארפנ אינ וואסער ארײַנ. דעמאָלט ווארפט זיכ דער בער נאָכ אים אינ וואסער אונ ערשט דאָ מאכט ער א סאָפ צום יאם-פערד.



א פויגל-מארק

אפ יאם־הינס כאכנ די ווייסע בערנ אנ אנדערש מאָל אנ עכס געיעג. אז דער בער באמערקס, חז עס שווימענ יאם־הינס, זעצט ער זיכ אפנ ברעג איַיז אונ שפירט נאָכ נאָכ זיי. ווי נאָר ער דערזעט א קאָפּ פונ א יאם־הונט ארויסגעשטעקט פונ וואסער, כאפט ער אים געשיקט אָנ אונ אינ עטלעכע מינוט ארום איז דער יאם־הונט דער־שטיקט. דער בער שלעפּט ארויס דעם דערשטיקטנ יאם־הונט פונ וואַ־סער אפנ איַיז אונ פרעסט אים אופ.

זומער קומענ צו פליִענ אינ די פּאָליארע לענדער, אפ די אינ־זולענ פונ איַיז־יאם, אָנ א שיר פארשיידענע יאם-פויגלענ. פויגלענ זאַיינען דאָ פאראנ אזויפיל, אז זיי פארדעקנ אָפּט אינגאנצנ די קאָ־לאָסאלע פעלדזנ. אזעלכע ערטער, ווו עס נעסטנ א סאכ פויגלענ, רופט מענ „פויגל־שטעט" אָדער „פויגל־מערק". דאָ איז בעעמעס אנ אייביקע גראגעריַי, ווי אפ א מארק.

מער פונ· אלצ קומענ צו פליִענ אינ די פּאָליאר־לענדער מעוועס, יאם־קראָענ, טוק־פויגלענ, גענדז, יאם־ענטלעכ אונ איידער-גענדז. איי־דער-גענדז גיבנ זייער א לייַכטנ, ווערטפולנ פוכ.

אזויארום איז דאָס לעבנ אינ די פּאָליארע לענדער אינ דער קורצער זומער-צייַט זייער אינטענסיוו. אָבער ווי נאָר עס קומט אָנ אווגוסט כוידעש אונ עס הייבנ זיכ אָנ די קעלטנ, שטארבט דאָס לעבנ ווידער אָפּ. קימאט אלע פויגלענ פליִענ אוועק אפ דאָרעמ. די יאם-הינט אונ די יאם-פערד שווימענ אוועק אהינ, ווו עס איז ווארע־מער. עס גלייַבנ ווינטערנ נאָר די ווייַסע בערנ אונ די פּאָליארע פוקסנ (איַיז־פיקסלעכ). זיי נישטערנ איבער די איַיז-פעלדער אונ זוכנ דערנערונג.

די יאם-כייַעס, פיש אונ פייגל האָבנ נאָכ פונ די אלטע צייַטנ אָנ געצויגנ די מענטשנ צום ווייַטנ צאָפנ. יעדנ זומער קומענ אינ די פּאָליאר-יאמענ אונ אפ די אינדזלענ אינ פּאָליאר־געגנט טויזנטער יעגער. אינ געדעקטע שיפנ, קארבאסנ אָדער לאנגע פישער־שיפנ (שניאקעס) שווימענ די דרייסטע יעגער אָפּ אפּ טויזנטער קילאָמעטער וויַיט פונ זייערע היימענ אונ דאָ הארגענענ זיי יאם-כייַעס, יאָגנ זיכ נאָכ וואלפישנ אונ בערנ, זאמלענ דעם פוכ פונ די וואסער־פויגלענ.

צוליב דעם צוועק איז אלעקסיי כימקאָוו מיט זײַנע כאַווײרים מאקע אָפּגעשוואומען אינ איַז-יאם. זיי זײַנען געשוואומען צום אינדזל „נאָוואיא זעמליא“, ווו זיי פלעגנ נאָכ פריִער קומען אלע זומער.

## ווי נאָכ א שיפ־ברוכ

אכט טאָג נאָכאנאנד איז געשטאנען א גוטער וועטער. דאָס שיפל האָט שוינ געהאלטנ באם צושווימען צום אינדזל „נאָוואיא זעמליא“. עס האָבנ זיכ שוינ באוויזנ די הויכע בערג, באדעקטע מיט שניי אונ איַז.

— נו, ברידער, — האָט כימקאָוו געזאָגט צו זײַנע כאַווײרים, — מאָרגנ וועלנ מיר זײַנ אפנ אָרט, מיר וועלנ עטוואָס אָפּרוען אונ זיכ נעמען פאר דער ארבעט.

נאָר פּלוצלינג צו אָוונט־צו האָט זיכ אפנ יאם אויפגעהויבנ א שטארקער שטורעם. דער יאם האָט זיכ באדעקט מיט גרויסע כוואַ־ליעס. זיי האָבנ דאָס שיפל געוואָרפנ פונ איינ זײַט צו דער צווייטער, ווי א שפענדל, איַז־וואסער האָט פארגאָסנ דעם דעק. דער ווינט האָט גיכ געטריבנ דאָס קליינע שיפל אינ דער אנדערער זײַט פונ „נאָוואיא זעמליא“.

— עס האלט שמאָל, יאטנ, — האָט געזאָגט דער לאָצמאנ. — דער שטורעם האָט זיכ צעבושעוועט גאָר אפ אנ אויפנ, ווײַזט אויס, ניט באַשערט אונדז צו קומענ צו „נאָוואיא זעמליא“.

אלע האָבנ פארלאָרנ דעם מוט. גאנצע דרײַ טעג האָט דער יאם געשטורעמט, ערשט אפנ פערטנ טאָג האָט דער שטורעם אויפגעהערט.

אפנ הימל האָט זיכ באוויזנ די זונ, אָבער די זונ האָט אויכ ניט געקאָנט טרייסטנ די יעגער, ווײַל זיי האָבנ דערזענ, אז דער גאנצער יאם איז באדעקט מיט שווימענדיקע קריִעס. די קריִעס האָבנ ארומ־גערינגלט דאָס שיפל אונ צוזאמען מיט זיי איז דאָס שיפל פארטראָגנ געוואָרנ צו מײַרעוו. צוויי טעג האָבנ די קריִעס געטריבנ די שיפ איבערנ יאם. צום סאָפ האָבנ די מאטראָסנ דערזענ פונווײַטנ ערד מיט שפיציקע בערג.

— מיר זײַנענ דאָכ באם אינדזל גרומאנט! — האָט כימקאָוו א זאָג געטאָנ. — אָט ווו ס'האָט אונדז פארטראָגנ!

די יעגער זײַנען געווען אַזוי אויסגעמאַטערט פֿונעם שטורעם, אַז ווי האָבן זיך קוים געהאַלטן אױף די פֿיס.

כימקאָװ האָט באַשלאָסן זיך אָפּשטעלן באַם אינדזל, לאָזן זײַנע כאַווייריםֿ זיך אָפּרוען. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז מיט עטלעכע יאָר צוריק האָבן אויף אינדזל גרומאַנט פֿאַרבראַכט דעם ווינטער די מע־



די קריעס האָבן אַרומגערינגלט די שיף

זענער וואַלפֿיש־יעגער און האָבן דאָרטן אויסגעבױט א הײַזל. אַלע זײַ־נען שטאַרק צופֿרידן געווען מיטן באַשלוס זיך אָפּצושטעלן באַם אינדזל.

כימקאָװ האָט אָבער ניט געוווּסט גענױ, וווּ עס געפֿינט זיך דאָס הײַזל פֿון די מעזענער וואַלפֿיש־יעגער, און דאָס איז האָט אויך ניט צוגעלאָזן די שיף נאָענט צום ברעג. צום ברעג איז נאָך געבליבן העכער א קילאָמעטער.

— נו, ברידער, — האָט כימקאָװ זיך געווענדט צו זײַנע כאַוויי־רים, — איר בלײַבט דאָ אױף דער שיף און איך נעם מיט זיך א מאַן דרײַ און וועל גײן צום ברעג, געפֿינען דאָס הײַזל. ווי נאָר מיר

וועלן עס געפינען, קערן מיר זיך אום צוריק צו איַך, און דעמלט וועלן מיר ווי-ניט־איז זיך דורכשלאָגן צום ברעג.

כימקאָוו האָט מיטגענומען מיט זיך זײַן זון איוואַן און נאָך צוויי מאַטראָסן — סטעפּאַן שאַראַפּאָוו און פיאָדער וועריגין. אַף יעדן פאַל האָבן זיי מיטגענומען מיט זיך אַ ביקס, פולווער אַף 12 זאַלפּן, אַ האַק, אַ קליין קעסעלע, מעל, אַ מעסערל, אַ ביסל טאַבעק, אַ שטיינדל צו מאַכן פײַער, און האָבן זיך געלאָזן גיין צום אינדזל.

לאַנג זײַנען זיי געקראָכן איבערן אײַז, אויסגעמיטן אײַז-לעכער, און ענדלעך זיך דערקליבן צום ברעג. קיין איין ביימל, קיין קוסט, דורכויס שטיינער און שניי און אַף די ערטער, וואָס זײַנען פרײַ פון שניי — געקרײַזלטער מאָך.

אָפּגייענדיק אַ קילאָמעטער פיר פונעם ברעג, האָבן כימקאָוו מיט זײַנע באַגלייטער דערזען אַ האַלב-אײַנגעפאַלן הײַזל. באַם הײַזל - איז געלעגן צונויפגעלייגט אַ קופּע האָלץ. אַ מאָדנעם אײַנדרוק האָט געמאַכט די מענטשלעכע ווײַנונג אַף אָט דעם טויטן אינדזל.

כימקאָוו איז אַרײַן אין שטיבל. אין איין ווינקל איז געשטאַנען אַ הרובקע, פון ליים געמאַכט, אין צווייטן ווינקל — נאַרעס.

סטעפּאַן שאַראַפּאָוו און פיאָדער וועריגין האָבן געבראַכט האָלץ און האָבן אײַנגעהייצט די הרובקע. אין קעסעלע האָבן זיי אויפגעוואָרן וואַסער, פאַרמישט אַ פּאָר הײַפלעך מעל, אָפּגעגעסן דאָס געקעכץ, אָפּגערוט און זיך געלאָזן גיין צוריק צום ברעג.

— אָט וועלן מיר זיי דערפרייען, — האָט כימקאָוו געזאָגט, — די קראַנקע וועלן מיר באַזעצן אינעם שטיבל, און די געזונטע וועלן בלײַבן אַף דער שיף. מע וועט דאָ קאָנען אַ זוך טאָן, צי איז ניט כאַראַנדאָ נאָענט נעסטן פון יאַם־פערד און יאַם־הינט. מע וואָלט זיך פאַר־נומען מיט געיעג.

אַפן וועג האָבן די יעגער דערזען אַ הירש. אמערסטן געפינען זיך הירשן אין דער טונדרע, אין מורמאַן און אין צאָפן-קאַנט, אָבער אַן אַנדערש מאָל טרעפט מען זיי אויך אַף די אינדזלען.

— זאָלן מיר עפּשער אונטערשיסן דאָס הירשל? — האָט שאַראַפּאָוו אַ פרעג געטאָן באַ כימקאָוון.

— יאָ, ס'וואָלט ניט געשאַדט! איז לאָז זיך נאָר אַרונטער אין רוי, קעגן־איבער דעם הירש.

שאראפּאָוו האָט זיך געלאָזן לויפן צום רוי. א לאַנגע צײַט האָט מען גאָרנישט געהערט. נאָר פּלוצלינג האָט זיך אין דער שטילקײַט דערהערט אַ שאָס, און נאָכדעם — שאראפּאָווס ווײַטע געשריי.

כימקאָוו, זײַן זון און ווערינגין זײַנען אַראָפּ אין רוי און האָבן פונדערווײַטנס דערזען שאראפּאָווען. ער האָט צו זיי געפּאָטשעט מיטן היטל. ניט ווײַט פון אים איז אפּן שניי געלעגן דער הירש.

אין אַ האַלב שאָ אַרום האָט מען דעם הירש אָפּגעשונדן. דאָס פלייש האָט מען צעשניטן אפּ פיר טיילן, אָנגעלאָדן אפּ זיך און די יע־גער האָבן זיך געלאָזט גיין צום ברעג.

אינגיכן זײַנען זיי אָנגעקומען צום סימען, וואָס זיי האָבן גע־מאַכט באַם ברעג, איידער זיי האָבן זיך געלאָזט גיין אפּן אינדול זוכן דאָס שטיבל.

— כעווריע! ווו איז אהינגעקומען אונדזער שיפּ? מע זעט זי דאָך ניט! — האָט כימקאָוו אויסגעשריגן מיט אַן אומרויִקער שטים.

ווו האָט זי געקאָנט אהינקומען? — האָבן כימקאָווס באַגלייטער אַ פרעג געטאָן אַלע מיטאַמאָל.

קיין אײַז איז באַם ברעג אויך ניט געווען. עס האָט זיך, וואַר־שײַנלעך אופגעהויבן אַ מײַרעוודיקער ווינט, האָט אוועקגעטראָגן דאָס אײַז און צוזאַמען מיט אים אויך די שיפּ. און עפּשער האָבן די קרייעס צעבראָכן די שיפּ, און זי איז אַראָפּ צום גרונט...

## אַליין אין אײַז־מידבער

אפּן יאַם איז ניט געווען קיין סימאָנים פון דער שיפּ. די יע־גער זײַנען געווען פאַרצווייפלט. לאַנג זײַנען זיי געשטאַנען באַם ברעג און אָן האָפענונג געקוקט אין דער נעפּלדיקער ווײַטקײַט.

— וואָס וועט זײַן? — האָט שאראַפּאָוו אַ פרעג געטאָן.

— מיר וועלן מוזן בלײַבן אַפּן אינדול, ביז עס וועט אַראָפּקומען אַהער, אַז אונדזער גליק, וואָסער־עס־איז אַ יאַגד־שיפל, — האָט כימ־קאָוו געענטפערט. — נאָר זעלטן ווען זיי קומען אַהער, — האָט ער צו־געגעבן.

— נו, ברידער, ניטאָ וואָס צו טרויערן, — האָט פּיאָדער ווערי־

גיכ מונטער א זאָג געטאָנ, — וועלנ מיר לעבנ דאָ, מיר וועלנ ניט שטארבנ, האָפנטלעכ.

— אָט האָסטו דיר אנ ארבעט! — האָט געזאָגט דער אלטער כימקאָוו אונ בייז א שפּײַ געטאָנ.

— יאָ, ווײַזט אויס, אז מע דארפ זיכ אײַנאָרדענענ אפ דער נײַער דירע, — האָט דער יונגער כימקאָוו געפּרוווט שפּאסנ.

אָבער קיינעם איז קיינ שפּאס ניט אָנגעגאנגענ. יעדערנ איז אפנ הארצנ ניט הײמלעכ געווענ. ס'איז געגאנגענ צו הארבסט־צו. ס'איז שווער געווענ צו האָפנ, אז אינ אזא צײַט וועט אפנ ווײַטנ גרומאנט קומענ וואָסער־עס־איז א יאגד־שיפל.

פארזאָרגטע, זײַנענ זיי אלע פיר אוועק צוריק אינ שטיבל ארײַנ.

די ערשטע נאכט אפנ וויכטנ אינדזל האָבנ זיי פארבראכט שלעכט. זיי האָבנ קיינער קימאט קיינ אויג ניט צוגעמאכט. יעדערער איז געווענ פארזונקענ אינ שווערע געדאנקענ.

באגינענ האָט כימקאָוו אויפגעוועקט זײַנע כאווייריم אונ געזאָגט צו זיי:

— מע דארפ זיכ גרייטנ צו פארברענגענ דאָ דעם ווינטער. מע טאָר קיינ צײַט ניט פארלירנ. פריִער פונ אלצ דארפ מענ אָנגרייטנ וואָס מער הייצונג, אפנ ברעג איז פאראנ שווים־האָלצ[1], מע דארפ אָנקלײַבנ וואָס מער האָלצ, אניט וועלנ מיר ווינטער פארפרוירנ ווערנ. אונ דערנאָכ וועט מענ דארפנ זאָרגנ וועגנ עסנווארג.

אלע פיר זײַנענ אוועק צום ברעג קלײַבנ האָלצ. אלע פיר האָבנ זיכ גענומענ שלעפּנ קלעצער צום שטיבל. צו דער ארבעט פלעגנ זיי ארויסגיינ יעדנ טאָג, אונ סטעפּאנ שאראפּאָוו פלעגט אמאָל אוועק אפ געיעג נאָכ הירשנ. אים האָט זיכ אײַנגעגעבנ צו דערהארגענענ 10 הירשנ. דאָס הירשנ־פלייש האָבנ זיי באגראָבנ אינ שניי אונ פונ די פעל האָבנ זיי געמאכט פאר זיכ ווארעמע שטיוול אונ קאָלדרעס.

אינגיכנ איז ארויסגעגאנגענ דער גאנצער פולווער. גיינ אפ יאגד איז ניט געווענ מיט וואָס. א ליידיקע ביקס שיסט ניט. אלע זײַנענ געווענ פארזאָרגט.

---

1 שוים־האָלצ, ווערט אָנגערופנ געהילצ — ברעטער, בראָכשטיקער פונ צעבראָכענע שיפנ, קלעצער אונ ביימער, וואָס ווערנ ארויסגעוואָרפנ אפנ ברעג יאַם.

— וואָס זשע וועט זײַן? — האָט שאַראַפּאָוו אַ פֿרעג געטאָן.

— מיר וועלן שוין ווי־עס־איז דורכלעבן, — האָט געענטפֿערט כימקאָוו, — קאַבצאָנים האָבן אַ רײַכע פֿאַנטאַזיע.

צופֿעליק האָבן זיי געפֿונען באַם ברעג אַ ברעט מיט אַ העקל און מיט עטלעכע גרויסע טשוועקעס. דאָס העקל האָבן זיי אויסגעצוצט אָנשטאָט אַ האַמער, האָבן מיט אים פֿלאַטשיק געמאַכט די טשוועקעס און פֿון די פֿלאַטשיקע טשועקעס האָבן זיי אויסגעריכט שפּיזן. מיט די שפּיזן האָבן זיי זיך געלאָזט אין וועג נאָך אײַז־פֿוקסן.

עס איז אָנגעקומען דער כוידעש אווגוסט. עס האָבן זיך אָנגעהויבן פֿרעסט, שנייען. עס האָט זיך געשטעלט דער ווינטער. ס'איז אַריבער אַ טאָג פֿאַר אַ טאָג. אינגיכן זײַנען די קורצע טעג אויך פֿאַרבײַ. ס'איז אָנגעקומען די דורכויסיקע נאַכט.

— דאָ קען מען פֿאַרגעסן אַלע יאָנטויוים און פֿאַרלירן דעם כעזשבן פֿון דער צײַט, — האָט אַמאָל אַ זאָג געטאָן וועריגין.

— וואָס פֿאַר אַ יאָנטויוים קאָנען דאָ זײַן! — האָט אים כימקאָוו אָפּגעענטפֿערט.

וועריגין האָט אָבער אַ קלער געטאָן וועגן מאַכן אַ קאַלענדאַר. אַף אַ שטעקן האָט ער געמאַכט מיט אַ מעסער צייכנס, און יעדן זיבעטן צייכן האָט ער געמאַכט ברייטער, איידער די איבעריקע. אָט די ברייטע צייכנס האָבן עס באַטײַט די „זונטיקס".

— אַן אומויסטע טירכע, פֿיאָדער, — האָט כימקאָוו באַמערקט, זעענדיק ווי וועריגין מײַסטערט זײַן „קאַלענדאַר". — מיר האָבן דאָך שוין איצט אַפֿילע פֿאַרגעסן דעם כעזשבן פֿון די טעג. און וויאַזוי וועסטו פֿאַרצייכענען אַף דײַן קאַלענדאַר די טעג, אַז ביז מאָרגן וועט זײַן דורכויס נאַכט?

— אָט אַזוי. ווי נאָר מיר וועלן זיך לייגן שלאָפֿן, וועל איך אָפּצייכנען לייגן אַ קרייץ, וועט עס הייסן, אַז דער טאָג איז אַריבער.

— גוט, מאַכ, מאַכ.

איינמאָל איז אַ כײַע אַליין געקומען צו די יעגער. אינמיטן דער נאַכט האָט זיך הינטער דער דרויסנדיקער טיר דערהערט אַ שאָרך. אינגיכן האָט זיך די טיר געעפֿנט ברעכן. עמעצער האָט זיך געשפּאַרט אין שטוב אַרײַן.

— דאָס איז א בער, כאַווײרים, — האָט א זאָג געטאָן כימקאָוו, — נעמט זיך גיכער פאר די שפּיזן.

אַלע זײַנע אופגעשפּרונגענע פון די געלעגערס, האָבן געכאַפּט די שפּיזן, און כימקאָוו אַלײן האָט גענומען די האַק.

— נו, יאַטן, ניט זעגענעצט! ווי נאָר דער בער וועט אַרײַנרוקן זײַן קאָפּ אין טיר, דערשטעכט אים מיט די שפּיזן. סטאַרעט זיך אַרײַנצוטעכן זײַ טיפער אין האַלדז אַרײַן.

— מיר וועלן זיך סטאַרען.

כימקאָוו האָט געמאַכט פײַער אין הרובקע, קעדײַ עס זאָל ווערן ליכטיק אין שטוב. אַלע האָבן זיך געשטעלט בא דער טיר. דער בער איז שוין געווען אין פאָרהויז. ער האָט דערטאַפּט די טיר און גענומען עפענען זי מיט די לאַפּעס. אין א מינוט אַרום האָט זיך א האַלבער בערן־קאָפּ אַרײַנגעשטעקט אין טיר. דרײַ שפּיזן האָבן זיך מאָמענטאַל אַרײַנגעשטאָכן אין דעם בערס קאָפּ. כימקאָוו האָט גלײַך גענומען האַקן דעם בער מיט דער האַק אין קאָפּ אַרײַן.

דער בער האָט זיך ניט געריכט אף אזא באַגעגעניש און האָט זיך אין דער ערשטער מינוט דערשראָקן, אָבער דערנאָך האָט ער זיך אַרײַנגעריסן אין שטוב. אַלע דרײַ שפּיזן זײַנען צעבראָכן געוואָרן און דער בער האָט זיך אַרופגעוואָרפן אף סטעפּאַן שאַראַפּאָוון. אָבער כימקאָוו האָט אויך ניט געדרעמלט. ער האָט זיך אַרופגעזעצט אפן בער פון הינטן אַרום און מיטן גאַנצן שווונג אים צעשפּאָלטן דעם שאַרבן מיט דער האַק. דער בער איז אַנידערגעפאַלן, און די יעגערס האָבן אים דערענדיקט.

— אָט דאָס איז א גאַסט, — האָט כימקאָוו א זאָג געגעבן, אָפּווישנדיק דעם שווייס פון שטערן.

— ס'איז גוט, וואָס דו האָסט צו דער צײַט געפּלעט דעם בער דעם מויעך, — האָט סטעפּאַן געזאָגט, — ער האָט מיך געהאַט גוט פאַרקלעמט.

— נו, זײַנען מיר שוין איצט מיט בערן־פלייש אויך באַזאָרגט, — האָט פיאָדער ווערינין געזאָגט מיט א שפּאַס.

דעם בער האָט מען אָפּגעשונדן, אָפּגערייניקט די פעל. דאָס פלייש האָט מען צעשניטן אף שטיקער. שנײַדנדיק דאָס פלייש, האָבן

די יעגער באמערקט, אז דעם בערס אָדערנ זײַנענ זייער פעסטע
אונ זיי כײלנ זיכ לײַכט אפ באזונדערע פעדעמ.



כימקאָח אונ זײַנע כאװערים אפנ ג׳יעג

— פונ די בערישע אָדערנ קאָנ מענ דאָכ מאכנ בענדער פאר
א בויגנ, — האָט דער יונגער כימקאָוו׳ זיכ געכאפּט.
— עפעס, — האָט אים זײַנ פאָטער געענטפערט.

דער פאַל מיטן בער איז פאַר אַלעמען געווען א מין יאָנטעוו, אַלע פיר זײַנען פריילעכער געוואָרן.

ס'איז אָנגעקומען דער פּאָליאַרישער ווינטער. מעסלעסן לאַנג האָט געהערשט א פינצטערניש. גיין אַפ געיעג איז געווען אומעג־לעך. עס זײַנען געשטאַנען אַזעלכע פרעסט, אַז ס'האָט אויש דעם אָטעם פאַרכאַפּט. די אומגליקלעכע יעגער זײַנען קימאַט די גאַנצע צײַט געזעסן אין שטוב. זיי האָבן אַרומגעשאָטן די שטוב מיט שניי פון אַלע זײַטן, אַז דער ווינט זאָל ניט אַרויסציִען די וואַרעמקײַט. ווען די הרובקע האָט זיך ניט געהייצט, איז אין שטוב געווען שטאָק פינצטער. ווײַנען זיי אַלע פיר אַזוי געלעגן אין דער פינצטער אַפ זייערע געלעגערס, אײַנגעוווירעט אין הירשן-פעל.

אַלע האָבן געבענקט נאָך די אייגענע. זיי האָבן געצווייפלט, צו וועלן זיי נאָך אַמאָל קומען אהיים. אין קאָפּ זײַנען געקראָכן ניט קיין הײמ־לעכע געדאַנקען. א טיפע בענקשאַפט האָט אַלעמען אַרומגענומען.

קיינער האָט ניט געוווסט, וויפל כאָדאָשים זיי וועלן שוין אָפּן אינדזל. קיין זייגער האָבן זיי ניט געהאַט. אין יענער צײַט זײַנען זייגערס ביכלאַל געווען א זעלטנקײַט. די זון האָט זיך אָפּן הימל ניט באַוויזן. אַרום און אַרום איז געשטאַנען א דורכויסיקע נאַכט, ס'איז זיי קיין זאַך ניט געבליבן, אויסער — ליגן און שלאָפן. אַז עס פלעגט עמעצן דערעסן צו ליגן, פלעגט ער אויפשטיין, אײַנהייצן די הרובע, אָפּקאָכן מיטיק. נאָך מיטיק פלעגט מען זיך ווידער לייגן, אַזוי איז געגאַנגען די צײַט.

איינמאָל איז סטעפּאַן שאַראַפּאָוו אַרויס אין דרויסן זיך אויס־לופטערן. אין א מינוט אַרום איז ער אַרײַנגעלאָפן אין שטוב.

— כאַווייריםלעך, אינגיכן וועט זיך באַווײַזן די זון. אָפּן מיז־רעך האָט געגומען באַגינען...

אַלע זײַנען אַרויסגעלאָפן פון שטוב און גענומען קוקן אָפּן מיזרעך. און אין דערעמעסן, אָפּן מיזרעך איז דער פינצטערער הימל געווען עטוואָס העלער, איידער אין אַנדערע ערטער.

יעדן טאָג האָבן זיי גענומען באַמערקן, ווי דער הימל ווערט אין מיזרעך העלער. ענדלעך האָט זיך איבערן יאַם באַוויזן א פּע־נעצל זון. אָבער אין עטלעכע מינוט אַרום איז די זון פאַרגאַנגען, און אינעם אײַז-מידבער איז ווידער געוואָרן כוישעך.

אם מאָרגן האָט זיך שוין אױפֿן ים באַװיזן אַ האַלבע זון, און נאָך אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט זיך שוין די זון אױפֿגעהױבן גאַנץ הױך אין הימל און איז דאָרטן געשטאַנען אַ היפּשע צײַט.

— נו, טײַערע, האָבן מיר שױן דעם װינטער אױך דורכגע־מאַכט — האָט כימקאָװ אַ זאָג געטאָן.

טרערן האָבן זיך אַלעמען געשטעלט אין די אױגן. זײ האָבן זיך געװאָרפֿן אײנער דעם אַנדערן אין די אָרעמס.

אָבער קײנער פֿון זײ האָט ניט געװוּסט, װאָסער כװאַליעס עס גײט און װיפֿל צײַט זײ האָבן פֿאַרבראַכט אױפֿן אינדזל.

מיט יעדן טאָג האָט זיך די זון אױפֿן הימל אױפֿגעהױבן אַלץ העכער, און װוּ די זון האָט געשײַנט, האָט דער שנײ גענומען צע־גײן. אױף די ערטער, װאָס זײַנען געװאָרן פֿרײַ פֿון שנײ, האָט זיך אײַנגיכן גענומען באַװײַזן מאָך.

אױפֿן אינדזל זײַנען געקומען צו פֿליִען גענדז און ים־ענטלעך. עס האָבן אָנגעהױבן אַרומלױפֿן אײַז־פֿיקסלעך. כימקאָװ און זײַנע כאַװײרים האָבן אָנגעהױבן גײן אױף געיעג.

אױסער שפּיזן האָט סטעפּאַן שאַראַפּאָװ נאָך געמאַכט אַ בױגן. אױפֿן ים־ברעג האָט ער געפֿונען אַ װאָרצל פֿון אַ יעגלע. ער האָט אים באַאַרבעט מיטן מעסער און די בענדער האָט ער געמאַכט פֿון די בערישע אָדערן. זײ האָבן אױך געמאַכט פֿײַלן מיט שאַרפֿע שפּיצן פֿון פֿאַרפֿײַלטע טשװעקעס. מיט אַזעלכע פּרימיטיװע געװער האָט זיך זײ אײַנגעגעבן צו דערהאַרגענען עטלעכע הירשן און דרײַ אײַז־פֿיקסן. דאָס פֿרישע הירשן־פֿלײש האָט פֿאַרשטאַרקט זײערע קרעפֿטן און זײ האָבן װידער גענומען אױפֿקלײַבן שװים־האָלץ אױפֿן ברעג. אינעם לאַנגן װינטער האָבן זײ פֿאַרברענט אַ רעכט ביסל האָלץ.

מיט האָפֿענונג האָבן זײ גענומען קוקן אױפֿן ים, װאָס האָט גענומען באַפֿרײַען זיך פֿונעם אײַז. זײ האָבן יעדן טאָג געװאַרט, צי װעט זיך אױפֿן ים ניט באַװײַזן אַ יאַגד־שיף, מע זאָל קאָנען געבן אַ סיגנאַל װעגן זיך.

טעג זײַנען געגאַנגען אײנער נאָכן אַנדערן, קײן שיפֿן אָבער האָבן זיך אױפֿן ים ניט באַװיזן. אַזױ איז אַריבער אין אומזיסטן װאַרטן דער גאַנצער זומער. די זון איז װידער פֿאַרגאַנגען. עס האָבן זיך װידער אָנגע־הױבן פֿרעסט און שנײ־װינטן. ס׳איז אָנגעקומען דער צװײטער װינטער.

אין בענקשאפט און אומעט האָבן זיך די פיר אומגליקלעכע יעגער וו'דער פארשפארט אין זייער כורווע אפ א צווייטן לאנגן פינצטערן פאָליאר-ווינטער.

## דאָס צווייטע מאָל ווינטערן

דאָס צווייטע מאָל ווינטערן אפן איַנד-אינדול איז געווען פונקט אזוי אומעטיק און לאנגוויַליק, ווי דאָס ערשטע מאָל. זייער איינציקע פארוויַלונג איז געווען — קוקן ווי עס שפּילט די צאָפן-שיַין.

די צאָפן-שיַין קאָן מען זען נאָר אפן צאָפן. אין דער לאנגער פינצטערער נאכט אין די צאָפן-לענדער באוויַזט זיך אין הימל פלוצלינג א מערקווירדיקע שיַין. צוערשט צינדט זיך די שיַין אָן אפן ראנד פון הימל, דערנאָך הייבט זי זיך אוף אלץ העכער און העכער. שפּעטער באוויַזט זיך אפן הימל א גרויסער פארשיידנפארביקער רעגנבויגן. פינקלט פארביק דער רעגנבויגן, ווי דער ווינט וואָלט אים געפלאטערט. דערנאָך ווערט ער צעריסן, און איבעראַל הימל הייבן זיך אָן טראָגן גרויסע זיַלן אָדער פאסן. דעמלט דוכט זיך, אז דער גאנצער הימל ברענט און די טרייפע ווארפט זיך אריבער פון איין אָרט אפ א צווייטן. נאָר אין א מינוט צוואנציק ארום ווערט די שיַין אין הימל אויסגעלאָשן, ווידער קומט אָן די כווישעכדיקע נאכט און אפן הארצן ווערט נאָך טרויעריקער.

כימקאָווג האָט זיך איַנגעגעבן איַנצורעדן, זיי זאָלן וואָס ווייניקער ליגן. זיי האָבן געמאכט א לאָמפ, וואָס האָט געברענט מיט הירשן-פעטס. דער לאָמפ איז געמאכט געוואָרן פון א קליין ליימשאָלכל, וואָס פיאָטער ווערינג האָט אויסגעקליבן. פון א שמאַקע האָבן זיי אויסגעפלאָכטן א קנויט. ווען דאָס פיַער אין הרובקע פלעגט אופהערן באליַכטן דאָס צימער, פלעגט מען אָנצינדן דעם לאָמפ, און דאָס טונקענע פלעמל פלעגט באליַכטן די נעבעכדיקע היַזקע. זיצנדיק ארום לאָמפ, פלעגן זיך אלע סטארען עפעס וואָס צו טאָן — מאכן פאָדעם פון בערישע אָדערן, נאָדלען פון ביינער, אָדער טשוועקעס.

פארן יאָר זיַנען די קליידער און די שיך בא אלע פיר געוואָרן שטארק אָפּגעטראָגן. האָבן זיי געמוזט נייען זיך קליידער פון הירשן-פעל.

דעם ערשטנ ווינטער האָט קיינער פונ די פיר ניט געקרענקט. אָבער איצט איז קראַנק געוואָרנ פריִער איוואַנ כימקאָוו דער יונגער, אונ דערנאָכ פיאָדער ווערעגינ. דער יונגער כימקאָוו איז אינגיכנ גע־זונט געוואָרנ, נאָר ווערעגינ האָט אָנגעהויבנ צערנ.

ער איז קראַנק געוואָרנ אַפ סקאָרבוט. די אײַנוווינער פונ די פּאָלאַר־לענדער לײַדנ אָפט פונ סקאָרבוט. די קרענק הייבט זיכ אָנ פונ דעמ וואָס דעמ מענטשנ נעמט אָנ א שלאָפקײַט. עס ווילט זיכ קעסיידער ליגנ. דערנאָכ הייבנ זיכ אָנ ווייטעקנ אינ די געלענקענ. דאָס גאַנצע בלוט אינ קערפּער ווערט פאַרדאָרבנ. פונ מויל שלאָגט א שלעכטער גערוכ. די יאַסלעס ווערנ געשוואָלנ, בלוי אונ פונ זיי הייבט אָנ רינענ טונקל בלוט. דאָס פּאָנעם ווערט אָנגעפּויש, די פיס ווערנ געשוואָלנ אונ באַדעקט מיט וווּנדנ אונ אינגיכנ שטאַרבט דער קראַנקער. סקאָרבוט קומט פונ שלעכטער אונ ניט פרישער שפּײַז.

אינגיכנ איז פיאָדער ווערעגינ אזוי אָפּגעשוואַכט געוואָרנ, אַז ער האָט ניט געקאָנט אַרומגייִנ. ער איז קעסיידער געלעגנ אונ גע־קרעכצט פונ ווייטיק. אינ א פּאָר וואָכנ אַרום איז ער געשטאָרבנ. פיאָדאָרס טויט האָט געמאַכט א שטאַרקנ אײַנדרוק אַפ אַלע איבע־ריקע. יעדער האָט וועגנ זיכ געטראַכט, אַז אים איז עפּשער אויכ באַשערט דאָס זעלביקע.

פּראָמערטע, באַווײַנענדיק פיאָדאָרס טויט, האָבנ זיי נעבנ שטוב אויסגעגראָבנ אינ שניי א גרוב אונ דאָרטנ באַהאַלטנ פיאָדערס קער־פּער. נידערגעשלאָגענע, האָבנ זיי זיכ אומגעקערט זאַלבעדריט פונ דער לעווײַע אינ שטוב אַרײַנ. אָנ פיאָדערנ איז זייער געמיט נאָכ שווערער געוואָרנ.

פאַר די איבעריקע איז אָבער דער צווייטער ווינטער בעסער דורכגעגאַנגענ. דער אַלטער כימקאָוו האָט אויכ א ביסל געקרענקט, אָבער ער איז גיכ געזונט געוואָרנ. אינגיכנ איז ווידער גע־קומענ דער פרילינג. עס זײַנענ ווידער געקומענ צו פליִענ די פייגל. אַפנ יאַם האָבנ זיכ באַוויזנ די יאַם־כײַעס. אַלע האָבנ ווידער גענומענ קוקנ יעדע ווײַלע אַפנ יאַם, גייִנ אַפ גע־יעג אונ קלײַבנ שווים־האָלצ, דאָס לעבנ איז זיכ געגאַנגענ ווי גע־ווײַנלעכ. מע האָט ווידער גענומענ וואַרטנ אַפ א שיפ. אָבער דעם צווייטנ זומער איז אויכ קיינ שיפ ניט געקומענ. די יעגער האָבנ זיכ

שוין גענומען גרייטן צום דריטן ווינטער. אין האַרעוואַניע און אין געיעג איז אויבאַמעקט אדורך דער קורצער זומער. די זון האָט זיך ווידער באַהאַלטן אויף אַ גאַנצן האַלביאָר. עס האָבן זיך ווייטער אָנגעהויבן שטורעמס און פראָסטן. יעדערער פון די דריי יעגער האָט באַ זיך געטראַכט, זעענדיק, ווי די זון פארגייט אויף ווינטער: „צי איז מיר נאָך באַשערט צו זען אַמאָל די העלע זונען-שיין?"

## גראַטעוועט פון דער אייז־געפענקעניש

עס איז דורך נאָך אַ ווינטער, און נאָך אים — אַ דריטער זו־מער, און ווידער זומער און אַ ווינטער, — אַ פערטער, פינפטער, אַ זעקסטער. ווינטער פלעגט אויף אינדזל גאַנצע וואָכן בושעווען אַ שטורעם. די יעגער פלעגן ניט אַרויסגיין אין דרויסן. ווינטער־צייט פלעגט דער שניי אויוי פאַרשיטן דאָס שטיבל, אַז אין פרילינג פלעגן זיי קוים־קוים באַפרייען עס פון שניי.

די דריי יעגער האָבן איינזאַם געלעבט צווישן אייז און שניי. יעדן זומער פלעגן זיי מיט האָפענונג אַרויסקריכן פון זייער שטיבל און קוקן אויפן יאַם — צי וועט זיך דאָרטן ניט באַווייזן עפּעס אַ שיף. אויף יעדן פאַל האָבן זיי אויף אַ הויך בערגל צע־לייגט אַ שייטערהויפן. דער עלטער כימקאָוו האָט אָנגעזאָגט זיין זון און שאַראַפּאָוון: ווי נאָר אויפן יאַם וועט זיך באַווייזן אַ זעגל־שיף, זאָלן זיי טייקעף אָנצינדן דעם שייטערהויפן, דערפון וועלן די שיפלייט זיך דערוויסן, אַז אויפן אינדזל געפינען זיך לעבעדיקע מענטשן.

אָבער אַ זומער איז אוועק נאָך אַ זומער, און קיין שיף איז צום אינדזל ניט צוגעשווומען. די אומגליקלעכע יעגער האָבן גע־פילט, ווי מיט יעדן יאָר ווערן זייערע קויכעס אָפּגעשוואַכט. זיי האָבן שוין פאַרלאָרן די האָפענונג צו זען ווען עס איז זייער היים. יעדערער האָט געטראַכט וועגן זיך, אַז אים איז באַשערט צו שטאַרבן אויף דעם אייז־אינדזל, און דער אינדזל וועט זיין זיין קייווער. דאָס געזונט איז זיי אויסגעגאַנגען. העכער פינף יאָר האָבן זיי קיין ברעקל ברויט ניט געזען, און האָבן זיך געשפּייזט בלויז מיט הירשן-און בערן-פלייש. זיי זיינען אַלע באַוואַקסן געוואָרן מיט

האָר, ווי כּיַעס, און זיַינען אינגאַנצן פאַרווילדעוועט געוואָרן.

עס איז אָנגעקומען דער זיבעטער זומער. זיי האָבן ווידער גע־נומען קליַיבן שווים־האָלץ. כאָטש קיינער האָט שוין קימאַט ניט געגלייבט זיך צו באַפריַיען פון איַיז־געפענקעניש, האָט זיך פון־דעסטוועגן יעדער געסטאַרעט וואָס לענגער צו פאַרברענגען אויפן ברעג. בא יעדערן האָט דאָך געטליִעט א האָפענונג, אז אָט־אָט וועט זיך אויפן יאַם באַוויַיזן א שיף, וועט זיי אַראָפּנעמען פון אינדזל, און זיי וועלן קומען אהיים.

עס זיַינען ווידער דורכגעגאַנגען פיל טעג, און דער יאַם איז געווען ווייס. דער זומער האָט שוין ווידער געהאַלטן באַם ענדיקן זיך, און די יעגער האָבן זיך שוין גענומען גרייטן צו א נייַעם ווינטער. האָט זיך אָבער פּלוצלינג אויפן יאַם אינדערוויַיטן באַוויזן עפּעס א שיף. דער ערשטער האָט זי דערזען סטעפּאַן שאַראַפּאָוו. זיך פאַרלאָרן פון פרייד, איז סטעפּאַן געלאָפן אין שטוב אריַין, אָנזאָגן די גוטע בשורה דיביידע כימקאָווס, דעם פאָטער און דעם זון.

— א שיף! א שיף! — איז ער אריַינגעלאָפן אין שטוב מיט א געשריי.

— גיכער צינד אָן דעם שיַיטערהויפן אויפן ברעג! — האָט דער אַלטער כימקאָוו א געשריי געטאָן צו זיַין זון.

אין א מינוט ארום האָט אויפן ברעג געברענט א שיַיטערהויפן, און א הויכער זיַיל רויך האָט זיך פון שיַיטערהויפן אויפגעהויבן אין הימל אריַין.

אַלע דריַי האָבן אונטערגעוואָרפן האָלץ אין פיַיער און האָבן גיריק געקוקט אויפן יאַם, וווּ אינדערוויַיטן איז געשוווּמען א שיף.

„וועלן זיי באַמערקן אונדזער שיַיטערהויפן צי נים? וועלן זיי פאַרקערעווען נאָך אונדז אָדער זיי וועלן אונדז איבערלאָזן אויפן איינענעם באַראָט?“ — האָבן די יעגער געטראַכט בא זיך.

סטעפּאַן שאַראַפּאָוו האָט געהאַט א גוטע ריִע, און פּלוצלינג האָט ער דערזען, ווי די שיף האָט א קערעווע געטאָן צום אינדזל. אין א האַלב שאָ ארום האָט מען שוין געקאָנט דערקענען אף דער שיף מענטשן. פון דער שיף האָט מען אַראָפּגעלאָזט א רודער־שיפל. אין אייניקע מינוט ארום איז דאָס רודער־שיפל שוין געווען באַם ברעג.

— ווער זײַט איר? — האָט זיך דער הערט א געשריי פונעם שיפֿל.

— מיר זײַנען ארכאנגעלסקער יעגער, ראטעוועט אונדז!

דאָס שיפֿל האָט זיך אָנגעשטויסן מיטן שפּיץ אָן ברעג, און אפֿן ברעג איז ארויסגעשפרונגען דער לאָצמאן.

— ווי קומט איר אהער?

— עס איז צו לאנג צו דערציילן, מיר וועלן שפּעטער דערציילן, נעמט אונדז נאָר מיט מיט זיך, — האָבן אָפּגעענטפערט, די דרײַ יעגער, אָנגעטאָנענע אין הירשן־פעל, קימאט וויינענדיק פון פרייד.

— נו, זאָל זײַן אזוי, זעצט זיך אין שיפֿל. אפֿ דער שיף וועט איר דערציילן, וואָס מיט אײַך האָט פאסירט, — האָט געזאָגט דער לאָצמאן.

— אָבער מיר האָבן דאָ עפּעס אייגנס, — האָט כימקאָוו א זאָג געטאָן, — עס וואָלט זיך געוואָלט דאָס מיטנעמען מיט זיך.

נו, רעכט, מיר וועלן עס אויך מיטנעמען.

פון שטוב האָט מען גענומען ארויסטראָגן פעלן פון הירשן, בערן און פוקסן און שטיקלעך הירשן-שמאלץ. סאכאקל בא 200 פעלן און א פוד זעכציק שמאלץ.

זיי האָבן אויך גענומען מיט זיך דעם בויגן, די פײַלן, די שפּיזן, די יאגד-שפּיזן אוןביין-נאָדלען — אלץ, וואָס זיי האָבן אויסגעארבעט, לעבנדיק אפֿן אינדזל.

— איר האָט דאָ אָנגעזאמלט א סאך גוטס, — האָט דער לאָצמאן געזאָגט, — מיט איינמאָל וועט מען עס ניט קאָנען ארויסטירן.

— זעקס יאָר האָבן מיר דאָך דאָ פארבראכט, — האָט כימקאָוו געענטפערט.

— וואָס הייסט 6 יאָר? — האָט דער לאָצמאן געזעגנט פארוואונדערט.

יאָ, גאנצע 6 יאָר. מיר האָבן זיך שוין געקליבן שטארבן דאָ און אָט זײַט איר אראָפּגעקומען... און אונדז געראטעוועט.

אלע פעלן און דאָס שמאלץ האָט מען אָנגעלאָדן אין שיפל און די דרײַ יעגער האָבן געטומען זיך געזעגענען מיט זייער אײַז-טפיסע, ווו זיי האָבן אָפּגעלעבט גאנצע זעקס לאנגע יאָר.

זיי זײַנען אוועק צו פיאָדער ווערינינס קיווער.

— אדיע, פעדיא, האָט כימקאָוו מיט טרערן אין די אויגן אָנגעהויבן ריידן. — פון אונדז אלעמען ביסטו געווען דער ייִנגסטער, און ס'איז דיר ניט באשערט געווען זיך אומצוקערן צוריק אהיים... אדיע!

די זעגל-שיף, וואָס האָט געראַטעוועט די דרײַ אומגליקלעכע יעגער, האָט געהערט צו איינעם אַן אַרכאַנגעלסקער סוחר. די שיף האָט זיך אומגעקערט פון דעם אינדזל „נאָוואַיאַ זעמליאַ״ קיין אַרכאַנגעלסק. אָבער דער ווינט האָט זי פאַרטראָגן צו שפּיצבערגען. דאַנק דעם זײַנען די אַרכאַנגעלסקער יעגער געראַטעוועט געוואָרן.

אויסגעהערט, וואָס כימקאָוו און שאַראַפּאָוו האָבן דערציילט, האָט דער באַלעבאָס פון דער שיף געזאָגט:

— נו, און פאַרן צושטעלן אײַך אין אַרכאַנגעלסק וועט איר מיר אוועקגעבן אַ העלפט פעלן און שמאַלץ, וואָס איר האָט אָנגעקליבן.

— נעם כאָטש צו אינגאַנצן, שטעל אונדז נאָר צו אַהיים, — האָבן אַלע דרײַ פאַרגעליינט.

— נו, רעכט. איר וועט מיר באַצאָלן פאַרן פאָרן 80 רובל.

דעם 28-טן סענטיאַבער 1749 איז די זעגל-שיף אָנגעקומען קיין אַרכאַנגעלסק.

די נײַעס, אַז אַף דער שיף זײַנען געקומען צו שווימען דרײַ מאַן, וואָס האָבן זעקס יאָר פאַרבראַכט אַפן אינדזל גרומאַנט, האָט זיך גיך פאַרשפּרייט איבערן שטאָט. אין האַפן האָבן זיך פאַרזאַמלט אַ סאַך מענטשן.

כימקאָוו און שאַראַפּאָוו האָבן דערקענט זייערע באַקאַנטע. אַלע האָבן זיך אַרומגענומען, געוויינט און באַגריסט מיט דער רעטונג. די אַלטע כימקאָווע, אַז זי האָט דערהערט, אַז עס זײַנען געקומען איר מאַן און זון, וואָס זײַנען מיט זעקס יאָר צוריק פאַרפאַלן געוואָרן, איז אויך געקומען צו לויפן אין האַפן.

דערזעענדיק איר מאַן און איר זון, וואָס זײַנען געשטאַנען אַפן דער שיף, האָט זי זיך געוואָרפן איבער דעם בריקל אַף דער שיף, האָט זיך אויסגעגליטשט און איז אַרײַנגעפאַלן אין וואַסער און איז שיער ניט דערטרונקען געוואָרן.

גאַנץ אַרכאַנגעלסק איז שפּעטער איבערגעוועגן באַ כימקאָוון אין הויז, יעדער האָט געוואָלט אַ קוק טאָן, ווי זעט אויס אַ מענטש, וואָס האָט גאַנצע זעקס יאָר פאַרבראַכט אַפן אינדזל גרומאַנט אין קעלט און פינצטערניש.

מיט כימקאָוון און שאַראַפּאָוון האָט זיך פאַראינטערעסירט דער גובערנאַטאָר. ער האָט אַלע דרײַען אַרויסגערופן צו זיך און זיי געצוווּנ־

גענ צו דערציילנ וועגנ זייער לעבנ אפנ אינדזל. די דערציילונג איז געווענ אזוי אינטערעסאנט, אז דער גובערנאטער האָט באשלאָסנ אוועק-צושיקנ טימקאָווג מיט זײַנ זונ קיינ פעטערבורג.

אינ פעטערבורג זײַנענ די טימקאָווס געווענ אינ דער וויסנשאפט-אקאדעמיע, האָבנ דערציילט די געלערנטע וועגנ אלע זייערע פאסי-רונגענ, וועגנ דער נאטור פונ די קאלטע לענדער. אָבער די דעמאלט-קע רוסישע געלערנטע האָבנ זיך ניט שטארק פאראינטערעסירט מיט דער דערציילונג, זיי האָבנ אפילע ניט אויסגעהערט, וואָס די טימקאָווס האָבנ דערציילט. נאָר א פראנצויזישער געלערנטער, וואָס האָט דעמאלט געוווּנט אינ פעטערבורג, האָט גענוי פאנאנדערגעפרעגט די טימקאָווס וועגנ זייערע פאסירונגענ אונ האָט אלץ גענוי פארשריבנ אונ שפעטער אָפגעדרוקט אינ פאריז.

איצט האָט זיך א סאך וואָס געענדערט אפנ ווײַטנ צאָפנ. עמעס, די פאָליארע נאטור בלײַבט נאָך אלץ אזוי הארבע, ווי געווענ. די אינדז-לענ פונעם אײַז-יאם זײַנענ באדעקט מיט אײַז אונ שניי. אפנ יאם גופע שווימענ אײַז-בערג. אָבער בא דער ראטנמאכט לעבט אופ אויך דער בײַזער הארבער צאָפנ. די ראטנמאכט אָרדנט איצט אײַנ אפ די פאָליא-רע אינדזלענ ייִשוּווים, וויסנשאפטלעכע סטאנציעס, ראדיאָ-סטאנציעס יעדנ זומער ווערנ געשיקט אפנ אײַז-יאם אײַזשפאלטערס, וואָס אָרגא-ניזירנ דעם גײענ אפ יאמ-כײַעס אונ ברענגענ אפנ צאָפנ פארשיידענע סכוירעס. אפנ שפיצבערגענ-אינדזל ווערט איצט ארויסבאקומענ שטיינ-קוילנ, דאָרטנ לעבנ א גאנצנ יאָר א סאך מענטשנ, אינ די ייִשוּווים ברענט עלעקטרע, עס איז דאָרטנ פאראנ ראדיאָ.

אויב עס טרעפט אמאָל א שיפ-ברוך אונ די יענער בלײַבנ אינעם אײַז-מידבער, אָרגאניזירט די סאָוועטישע רעגירונג גיכע הילפ צו רא-טעווענ זיי. די סאָוועטישע פליִער געפינענ די געליטענע פונ דער קא-טאסטראָפע, ווײַזנ די אײַזשפאלטערס דאָס אָרט פונ דער קאטאסטראָפע, אָדער זיי נידערנ אליינ ארונטער אפנ אײַז אונ נעמענ ארויס פונ אים די געליטענע.

אלע געדענקענ די רעטונג פונ די טשעליוסקינצעס.

אפנ ווײַטנ צאָפנ טרעפנ אלע זומער פיל אנדערע פאלנ, ווענ מענטשנ ווערנ געראטעוועט פונ די אײַז-פענטעס. מיט יעדנ יאָר בא-הערשט דער מענטש אלץ מער אונ מער דעם בײַזנ פאָליאר־יאם.

---

# אינהאלט

